פ. קרייצוואַלד

# קאַליעוויפּייג

פראַגמענטן פֿון דער עסטאנישער פאָלקס-עפּאָפּיע






קאָאָפעראטיווער פארלאג „קולטור-ליגע״
קיעוו—1922

„קאליעווס זון“—„קאליעוויפויג“—די עפּאפּייע באַזינגט די העלד־ישע מאַיסים פונ׳ם נאַציאָנאַלן העלד פון די עסטן, דעם זון פון קאַליעוו (דעם ריז).

די עפּאָפּייע איז צוזאמענגעשטעלט דורך פ. קרייצוואַלד פון אַ פראגמענטארער פאָלקס־שטיק אין פאָלקס־לידער, מיט אייגענע אריינגעשטעלטע הויסאפּעס, וועלכע דאַרפן עס צוזאַמענבינדן אין איין גאַנצעס.

די אזוי אַרום דורך קרייצוואַלד געשאַפענע עפּאָפּייע איז אײַנ־געטיילט אין צוואנציק געזאַנגען; די צוויי ברוך־שטיק, וואָס מיר גיבן דאָ: „קאַליעוו׳ס באַסענע“ און „קאַליעוו׳ס טויט“—זיינען גענומען פון ערשטן און צווייטן געזאַנג; די גענומענע פון אונז אויסצוגן געהערן קימאַט אויסשליסלאַך דער פאָלקס־שאַפונג; די צוגעגעבענע קרייצוואַלד׳ס שורעס האָבן מיר אײַנגעשלאָסן אינ׳ם טעקסט אין שטערנדלאַך.

## 1. קאַליעו'ס באַסענע.

קער מיר אָן, וואָרטרייכער זינגער,
קער מיר דאָס גענזאַנגען-שיפל
פאַר דיין ליד דאָס שלאַנקע ווערקצייג,—
קער אַהין עס צו דעם ברעג צו,
וואו די אָדלער גאָלדן-ווערטער,
וואו די ראָבן זילבער-מאַיסעס,
שוואַנען קופערן געזאַנגען
פון די אַלטע צייטן היטן,
פון אַמאָל נאָך אויסגעזייטע.

———

אינם דאָרף-וויק האָט געלעבט זיך,
אַן אַלמאָנע איז געוועזן,
נאָך גאָר יונג, דאָך שטיל און איינזאַם,
ווי אַן אומבאַזעסן הײַזל,
ווי אַ בײַדל ניט באַשירעמט.

איינמאָל, זונטאָג, אין דעם פּי-וועג,
גייט באַזאָרגט זי נאָך די פּי נאָך.
וואָס'ט געפינען אַפן וועג זי,

אין די שפורן פון די רינדן,
אַף דעם הוידע-פּלאַץ פון דערפל?
אַפן וועג — אַ קליינע הינדל,
אַ טיעטיערע-איי—אין הויך-טריט,
לעם דעם דאָרף אַ קראָ אַ יונגע!

די אַלמאָנע נעמט דאָס הינדל,
זי באהאלט דאָס איי אין בוזים;
איר לאנגאָניק-טרויער זאָל עס,
איר אַלמאָנע-טרויער שטילן,
נעמט אַהיים עס צום ערציען;
און די יונגע קראָ, די וואַרפט זי
אויך אַריין אין שירץ אין אירן.
און די דרײַען ברײנגט אַהיים זי,
טראָגט זיי אין דעם שטיינען-קאַמער,
מאַכט אין קאָרב מיט וואָל א זיך-נעסט
פאַר דעם איי און פאַר דעם הינדל,
זי פאַרדעקט עס מיט דעם דעקל;
וואַרפט דערנאָך די קראָ די יונגע
אין דעם ווינקל הינטער קאַסטן.

דאַרף זי דאָך אין קאַמער גייען
אירע קליינע אָנצוקוקן!
וואָס געפינט זי אונטער דעקל?
ניט אַ הון—אַ שיינע מיידל,
ניט אַן אײַ—אַ שלאנקע מיידל:
פון דער־הון אַזוי איז ס אַ ל מ ע,
פונם איי אַרויס איז ל י נ ד אַ.

וואָס זשע פון דער קראָ דער יונגער
הינטער קאַסטן איז געוואָרן?
אַך—אַן אָרימע יסוימע,
דינסט-מויד פאַר דער טעגלאך אַרבעס,
שייַטלאַך האָלץ אין אויוון שאַרן,
אונטער עמער-יאָך צו אָכצן!

סאַלמען יאָגן נאָך כאַסאַנים,
פינף און זעקס—די ברייגגען בראנפן,
זיבן שיקן צו שאַדכאָנים,
אַכט געהיימע שלוכים שיקן;
ענדלאַך קומען די יאַכסאָנים.

קומט צוערשט לוואָנע-כאָסן,
צאַרט און בלייך לוואָנע-יונג קומט,
קימט אַריין מיט פערד מיט פופציק
און מיט אָנטרייבער מיט זעכציק,—
סאַלמען וויל ער פאַר א קאַלע,
פאַר אַ ווייב דאָס פריילין וויל ער.

און די סאַלמע זייַן באַגער הערט
נאָר פון ווייַטן פונם קאַמער,
רופט אין ענפער זי פון דאָרט אים:
„כ'וויל ניט לוואָנע-יונג אַ מאַן זיך,
„כ'דאַרף ניט אים, דעם נאַכט-באַלייַכטער,
„צו פיל האָט ער זייַנע שטעלעס,
„פיל נאָך האָט ער זייַטיק אַרבעט:
„אָט ערשיינט ער נאָך פאַרטאָג נאָך,

„אָט אין אָוונט-שפּעט דאָ קומט ער;
„אָט ווערט מיד ער אין דער פרי שוין,
„איידער טאָג איז אויסגעבראָכן;
„אָפּט ער אף דער וואך באַטאָג שטייט,
„היט אין הימל ביז צום מיטאָג״.
לוואָנע-יונג גייט-אָפּ פארטרויערט,
בלייך אַראָפּקוקט באַם אָוועקגיין.

נאָך אים קומט דער זונען-כאסן,
קומט אַ יונג מיט פייַער-בליקן,
קומט אַרייַן מיט פערד מיט פּוּפּציק
און מיט אָנטרייבער מיט זעכציק,
סאַלמען וויל ער פאר אַ קאלע,
פאַר אַ ווייב די פריילין וויל ער.

סאלמע הערט עס און דערווידערט:
„ניט געוואָלט כ׳האָב די לוואָנע,
„דאַרף נאָך ווייניקער דעם זון-יונג!
„זער אומבאַשטענדיק איז ער,
„אייביק ראַק פארענדערט ער זיך!
„ווען אמאָל—ער הייס טוט שיינען,
„בייַט ער פּלוצים אום דעם וועטער,
„אין דער מיט, אין שענסטער היי-צייט—
„איבערראשט ער אונז מיט רעגנס;
„וויל מען נאָר דעם האָבער זייען,
„גראָד אַ טריקעניש דאן ברייגגט ער,
„לאָזט דאָס האָבער-פּעלד אומקומען,
„טריקנט אויס אין דר׳ערד דעם גערשטן,

„בויגט דעם פלאקס און זאנג אראָפּ-צו,
„שטיקט דעם אַרבעס אַף די בייטן,
„לאָזט דאָס גריקע-פעלד ניט וואַקסן,
„לינזן זאָלן שויטלאך ברייגנע;
„ווערט דער קאָרן ווייס צום שניט שוין—
„גליט ער, שטערט דעם נעפּל קומען
„אָדער לאָזט דעם רעגן שטראָמען!"
טיף געקריינקט, פארשווינדט דער זון-יונג,
פייער-רויט ער גליט באַם וועקגיין,
ציטערט אוף אין בייזן צאָרן.

ענדלאך קומט דער דריטער כאָסן,
קומט צו גיין דאָס שטערן-יינגל,
צאָפּן-שטערנס עלטסטער זון קומט,
מיט די פופציק פייער-פערד קומט
און מיט אָנטרייבער מיט זעכציק,
סאַלמען וויל ער פאר א קאלע,
פאַר אַ ווייב דאָס פריילין וויל ער.

שנעל רופט סאַלמע פונם קאמער,
רעדט פון אירן קליידער-צימער:
„פירט דאָס פערד דעם שטערן-יינגלס,
„אין דער שטאל צום בעסטן צוים פירט,
„וואו דער מילכטרונק איז געגרייט שוין,
„וואו די וועגט, פייך אויסגעגלעטע,
„נים דער כאיע שאדן קאָנען;
„דופטיק היי פאַר אים וואַרפט רייכלאך,
"ברייגגט אים פון דעם בעסטן האָבער,

„מיט דעם רייניסטן טרונק טרינקט אָן איס,
„ניט געשפּאָרט צו דעם מישט מעל צו,
„שלאָגט עס אויף ביז ווייסן שניי-שוים;
„בעט אים אויס דעם דינסטן לייגוונט,
„גרייט אים אַ באקוועם געלעגער,
„און דעקט צו מיט זיידן-דעקע:
„רוען זאָל זיין קאָפּ אין סאמעט,
„און אין האָבער-שפּריי די הויפנס;
„שטערן-כאָסן וויל איך נעמען,
„האנט מיין וויל איך שטערן געבן,
„אים אַ טרייע ווייבל ווערן;
„שטערן-אויגן פינקלען פרייִדיק,
„הארציק שטערן בייט זיך קיינמאָל,
„שטערן טוט קיין לייד דער זריע,
„און פארדארבט ניט די געוויקסן;

„זעצט דעם שטערן-כאסן גאסטלאַך,
„צו דעם ריין געוואַשן טיש זעצט;
„זעצט צום וואנט אים מיט דעם רוקן,
„אַף דער באנק די פיס זאָל האַלטן,
„און פאַרדעקט דעם טיש דעם ברייטן,
„מיט נאָך ניט געניצטן טישטעך,
„טראָגט אַרויף די בעסטע פישן,
„שטעלט דעם גאַסט דאָס פלייש גאָר נאָענט,
„לייגט אים פאַר די ווייכסטע שטיקער,
„צו דערצו גיט האָכצייט-קוכן,
„און דעם בעסטן לינדן-האָניק,
„ביר זאָל אינם קרוג ניט פעלן,

„און דער זיסטער מעד אין בעכער!"

לאָדט מען אײַן דעם שטערן-ייִנגל,
אינם צימער איינגעלאַדן,
בעט באַם טיש אַן אָרט צו נעמען,
און אַזוי זאָגט די אלמאָנע:
„קום, געניס, מיין ליבער שטערן,
„זיי, מיין שטערן, היימיש, מונטער!"
זאגט דער שטערן אומגעדולדיק:
„כ'קאָן ניט עסן, מוטער מיינע,
קאָן, אָ, מוטערל, ניט טרינקען,
„קאָן ניט אין דעם פרייד זיך פרייען,
„ווען מיין ליבע קומט אַהער ניט,
„סאַלמע טוט מיר ניט ערשיינען!"
הערט דאָרט סאַלמע, זיין באַגער הערט,
הערט דעם וואונש דעם שטערן-כאסנ'ס,
און דערווידערט פונ'ם קאַמער,
פון דערווײַטענס זי טוט זאָגן:
„טוײַער מײַנער, יונג דו זיסער,
„ליבער גאַסט פון ווײַטע ווײַטנס!
„ווען דו האָסט מיר צײַט געגעבן,
„צײַט געגעבן אופצואוואַקסן,
„צײַט אף שיין און גרויס צו ווערן, —
„זיי, טאָ גיב דער סאַלמע צײַט אויך
„זיך צו קליידן, זיך צו פוצן!"
„אייל-זשע, לינדא, ראש געלאָפן,
„פלי, מײַן שוועסטערל, אין קאַמער,
נעם דאָס האָכצײַט-פוץ פון קאַסטן;

בריינג אהער די וואָלן-קליידער
און דאָס צאַרטע זײַדן-העמדל
מיט די גאָלד-געוועבטע אַרבל,
שטרומפן פון די בונטע גאַרן,
לײַנענטיכער גאָלד-געפליטערט,
זײַדנטיכער בונטגעשטריקטע.

ווידער בעט די באַלעבאָסטע,
ווידער בעט זי פונ׳ם צימער:
„קום, געניס, מײַן ליבער שטערן,
„זײַ, מײַן שטערן, היימיש, מונטער,
„טעג פול פריידן אויף דיר וואַרטן!"
שטערן-כאַסן הערט די ווערטער
און דערווידערט ווייך זײַן ענפער:
„קאָן ניט פונ׳ם טיש געניסן,
„קאָן ניט פריידיק, מונטער ווערן
„פון די קומענדיקע פרייד-טעג,
„ביז איך וועל מײַן לבע זען!"
ווידער בעט די באַלעבאָסטע:
„ווילסט, מײַן שטערן, עפשער שלאָפן,
„עפשער אויסרוען באַדאַרפסטו?"
ניט געטראַכט דער כאָסן ענפערט,
קלוגע ווערטער זאָגט דער שטערן:
„מוטער מײַנע, כ׳וויל ניט שלאָפן,
„וויל און קאָן קיין רו ניט האָבן!
„שטערן-אויג, דער שלאָפט דאָך קיינמאָל,
„קיינמאָל שליסט די מידע ברעמען,
„קיינמאָל לאָזט אַראָפּ די לעפלען;

„ברייננט מיין ליבע מיר אין צימער,
„זאָל מיין סאלמע דאָ ערשיינען,
„כ'וויל מיין ליבע הינדל זעען!"
אָט מע ברייננט אים שוין די קאַלע,
סאלמע ברייננט מען אין דעם צימער.

און מע'ט אָפּגעריכט די האָכצייט.
אופגעשטעלט דאָס כופּע-ביידל
אייליק פון די אלטע שטאנגען
און פון טרוקן ארבעס-שטיינגלאַך,
אופגעשטעלט עס צו דער האָכצייט.
און מע לאַדט א פולע געסט איין,
זאָלן זיך צוזאמען פרייען:
ווייל דער דעמב-בוים אפן גרעניץ
און דער אלעך-בוים אין שטעטל
טרעפן דאָ זיך מיט די וואָרצלען,
מיט די שפּיץ-קעפּביידע טרעפן.

און זיי דרייען זיך אין קרייץ-טאנץ,
שווינדלען אין דעם ווירער שווינדל,
ביז דער קיזל-זאמד שפריצט פונקען
און דער ליים-ברוק קרעכצט און ציטערט:
שטערן-יונג און פריילין סאלמע
שפּילן לוסטיק זייער האָכצייט!

איז דער לוואָנע-יונג געקומען
אַף דעם ליבן האָכצייט-טומל
צו דער וויק'ער באַלעבאָסטע,
קומט אַריין מיט פערד מיט פּופּציק

און מיט אָנטרייבער מיט זעכציק,
וויל ער די טיעטיערע׳ס פריילין,
לינדא פאַר א קאלע וויל ער.
און די האָכצייט-יונגען ליבן,
און אויך סאלמע ליבט דעם כאָסן; —
אָבער לינדא פונ׳ם קאַמער,
פון געלעגער וואו זי רוט דאָרט,
פון דעם פוך זי לאָזט זיך הערן:
„כ׳וויל ניט לוואָנע פאַר אַ כאָסן,
„פון די נעכט דעם מעלעך וויל ניט!
„שטעלעס זעקס ער מוז פאַרנעמען,
„אויסער דעם נאָך פינף באַזונדער,
„און אַ טוץ נאָך צוגאָב-שטעלעס:
„איינמאָל שטייט ער פרי אין הימל,
„איינמאָל ווען ס׳איז טאָג געוואָרן;
„אָט פאַרזינקט ער אינם נעפל,
„אינם טוי-שלייער געוויקלט,
„אָט באהאלט זיך אין די וואָלקנס;
„איין מאָל קומט ער ביין-האַשמאָשעס,
„איין מאָל נאָך די ביין-האַשמאָשעס,
„יאָ, אויך אָפטמאָל קומט ער גאָרניט,
„לאָזט די מלוכע אָן אַ שוימער!“

לוואָנע-יונג גייט אָפּ פאַראומערט,
טרויער רעדט פון זייַנעם פּאָנים,
טיפער שמארץ פון זייַנע בליקן.

און זיי דרייען זיך אין קרייץ-טאַנץ,

שווינדלען אין דעם ווירער שווינדל,
שפרינגען ווילד דעם האַרריער האָפּ-טאַנץ,
ביז דער קיזל-זאַמד שפּריצט פונקען,
און דער ליים-ברוק קרעכצט און ציטערט:
שטערן-יונג און פרײַלין סאַלמע
שפּילן לוסטיק זייער האָכצייט!

קומט צו גיין דער צווייטער כאָסן
אַף דעם ליבן האָכצייט-טומל,
קומט צו גיין זיין גליק צו פּרואוון,
ס'קומט דער זון-יונג צו דער סאָודע,
קומט אַריין מיט פערד מיט פּופּציק
און מיט אָנטרייבער מיט זעכציק:
רײַט ער אף דעם פייער-נאָגער:
לינדא וויל ער זיך געווינען,
פאַר א ווײַב טיעטיע־רע'ס פריילין;
און די האכצייט-יונגען לויבן,
און אויך סאלמע לויבט דעם כאָסן:
אָבער לינדא—זי טראכט אַנדערש,
זי לאָזט הערן פונ'ם קאַמער,
פון געלעגער, וואו זי רוט דאָרט,
פונ'ם פוך זי לאָזט זיך הערן:
„כ'דארף ניט זון-יונג פאַר א כאָסן,
„דאַרף ניט טאָג-האר פאַר א מאַן זיך!
„זון טוט שאַטן פיל, גאָר פיל שלעכטס:
„האַלט דעם פלאקס איין אין זײַן וואקסן,
„און פאַרדאַרבט די האָבער-זריעס;
„לאָזט דעם גערשן ניט גערייען,

„לאָזט דעם ווייצן-פעלד פּאַרדאָרן,
„מאַכט דעם קאָרן-פעלד פאַראומערט,
„ברענט דעם גאַנצן לאַנגן זומער,
„הייצט די דירע ניט אום ווינטער!״
איינגעבּרויגעזט גייט אָפּ זון-יונג,
צאָרנדיק וואַרפט ער פייַער-בּליקן.—

און זיי דרייען זיך אין קרייז-טאַנץ,
שווינדלען אין דעם וווירער שווינדל,
שפּרינגען ווילד דעם האַרריער האָפּ-טאַנץ,
דול צעלאָזט דעם ווי ק ע ר וואַלס-טאַנץ,
ביז דער קיזל-זאַמד שפּריצט פונקען,
און דער ליים-בּרוק קרעכצט און ציטערט:
שטערן-יונג און פריַילין סאַלמע
שפּילן לוסטיק זייער האָכצייט!

דאָ קומט אָן אַ דריטער כאָסן,
וואַלט אַריין דער וואַסער-כאָסן,
קומט מיט זאַטע פערד מיט פּופּציק,
און מיט אָנטרייבּער מיט זעכציק,
אַף דעם וויַיסן פערד אַליין זיצט;
לינדאַ וויל ער זיך געווינען,
פאַר אַ ווייבּ טיעטיערע׳ס פריַילין.
סאַלמע און די האָכצייט-יונגען,
לויבּן הויך דעם וואַלן-מעלעך,
אָבּער לינדאַ׳ן איז דאָז וואַסער
גאָר דערווידער; פונם קאַמער,
פון געלעגער פון דעם וויַיכן,

פונם פון אָט דאָס טוט זאָגן:
„וואַסער-כאָסן קאָן אָוועקגיין,
„כ'וויל אים ניט פאַר מיינעם כאָסן,
„שרעקלאך איז דאָס וואָלן-רוישן,
„איימעדיק פון יאָם די טיפקייטו!"

וואַסער-כאָסן, גרייט באַלד וויינען,
צי זײַן היים באַטריבט טראָגט אָפּ זיך,
רוישט מיט טרויער דורכ'ן טויער.

און זיי דרייען זיך אין קרייץ-טאַנץ,
שווינדלען אין דעם ווירער ווירבל,
שפרינגען ווילד דעם הארריער האָפּ-טאַנץ,
דול צעלאָזט דעם וויקער וואַלס-טאַנץ,
טומלען אין דעם יערוועך הו-הא!
ביז דער קיזל-זאַמד שפריצט פונקען
און דער ליים-ברוק קרעכצט און ציטערט.
שטערן-יונג און פרײַל'ין סאַלמע
שפילן לוסטיק זייער האָכצײַט!

קומט אַריין דער פערטער כאָסן
אַף דעם ליבן האָכצײַט-טומל,
קומט דער ווינט אַרײַנגעווירבלט,
קומט אַריין מיט פערד מיט פופציק
און מיט אָנטרייבער מיט זעכציק,
אַף דעם שטורעם-פערד אליין רייט,
לינדאַ וויל ער זיך געווינען,
פאַר א ווײַב טיעטיערע'ס טאָכטער;
אַלע האָכצײַט-יונגען לויבן,

און איין סאַלמע לויפט דעם כאָסן, —
אָבער לינדאַ, זי טראַכט אַנדערש,
פאַר אַ מאַן דעם ווינט זי וויל ניט,
און זי רופט אַרויס פון קאַמער,
רופט צו'ן אים פון איר געלעגער,
רעדט פון איר'ן פיך דעם ווייכן:
„כ'דאַרף ניט מיר דעם ווינט — אַ כאָסן,
„וויל ניט לופט-יונג פאַר אַ מאַן זיך,
„אָ, ווי קאָן פון ווינט דאָס ברומען,
„ווי דאָס שטורמען פון אָרקאַן-ווינט, —
„זאָל דער צאַרטער פרויי געפעלן!"
ברויגעז ציט דער ווינט אַוועק באַלד.

און זיי דרייען זיך אין קרייז-טאַנץ,
שווינדלען אין דעם ווירער ווירבל,
שפּרינגען ווילד דעם האַרריער האָפּ-טאַנץ,
דול צעלאָזט דעם וויקער וואַלס-טאַנץ,
טומלען אין דעם יערוועער הו-האַ,
דרייען זיך אין דערפּטער דריי-טאַקט! –
ביז דער קיזל-זאַמד שפּריצט פונקען,
און דער ליים-ברוק קרכצט און ציטערט; —
שטערן-יונג און פריילין סאַלמע,
שפּילן לוסטיק זייער האָכציים!

דאַ קומט אָן דער פינפטער כאָסן
אַף דעם ליבן האָכצייט-טומל,
קאָליעוו קומט, דער מעכטיק ריז קומט.
קומט מיט פּופציק פיינע שקאַפּעס

און מיט פערד-קנעבּם, מיט די זעכציק;
רײַט ער אױף דעם פײַער-נאָגער,
לינדאָ׳ס האַנט ער טוט זיך בעטן,
דאָס טיעטיערע׳ס קיגל וויל נעמען
די אַלמאָנע איז דערווידער,
אַלע געסט די קעפּ זיי שאָקלען,—
אָבער לינדאַ פילט גאָר אַנדערש,
לינדאַ רופט פון אירן קאַמער,
רעדט אַראָפּ פון איר געלעגער,
פונם ווייכן פוך טוט ריידן:
„אַט דער כאָסן נאָך מײַן וואונש איז,
„גערן נעם איך פאַר א מאַן אים!"

קאַליעוו ווערט דאַן אײַנגעלאַדן
בּאַ דעם טיש אן אָרט צו נעמען,
בּאַ דעם טיש דעם ריין געוואַשטן,
אױף דעם זיך-אָרט בּאַ דער האָלץ-וואַנט
מיט דעם ווײַסן לײַן בּאַהאַנגען;
און פאר אים דער זילבער-קרוג שטייט,
און דער קלאָרער גאָלדן-בעכער
אַנגעפילט מיט זיסער מאַשקע:
אויבן שוים און אונטן האָניק,
ביר, ווי בּלוט-רויט, פינקלט צווישן.
נעמען ברויט בעם די אַלמאָנע,
סאַלמע—זײַנעם מויל צו נעצן:
„קום, געניס, אָ, ליבּער קאַליעוו,
„זאָל דיר אונזער טיש געפעלן,
„טרינק פון אונזער האָכצייט-קריגל

„פון דעם בראַנפן-קרוג דעם בונטן!
„פריי דיך אינם פרייד אין אינזערס
„כאַ דער ליבער האָכצייַט-סאודע!"
קאָליעוו באלד באַדאַכט גיט ענפער:
„מוטער ליבע, כ'קאָן ניט עסן,
„קאָן ניט טרינקען, יונגע ווייַבל,
„קאָן ניט אייַער שפייַז פאַרזוכן,
„קאָן ניט פרואוון אייַער בראנפן,
„קאָן ניט אין דעם פרייד זיך פרייען;
„ברייַנגט מייַן ליבע ערשט אין צימער.
„זאָל מייַן לינדא דאָ ערשייַנען,
„דאָ אין ליבן האָכצייט-אוילעכו!"
לינדא הערט דאָכ און ערווידערט:
„ליבער מיינער, יונג דו פיינער!
„ווען דו האָסט מיר צייט געגעבן.
„צייט געגעבן גרויס צו וואַקסן,
„האָסט געדולדיק מיך געלאָזן,
„מיך געלאָזט, דיין ברוינע מיידל,
„צו'ן אַ פריילין אויפצובליען,—
„גיב אויך צייט איצט מיך צו פוצן:
„אָן אַ פאָטער פוצט זיך לאנגזאַם,
„אָן א מוטער קאָן ניט איילן,
„ברויכט זי צייט זיך אונטערגאַרטלען,
„צייט די אָרבל צו פאַרקרייזלען;
„ניט די מוטער העלפט מיך פוצן,
„מיט אַן אייצע טוט ניט העלפן;
„ניט קיין בלוט-ברינט ברייַנגט אַ גליק-וואינש,

„ניט קײַן שוועסטער טיילט די זאָרגן, —
„ווייבער זע איך פונם דאָרף בלויז,
„ווייבער אַלטע מיך באדינען;
„איין-קאַלט איז פון דאָרף דער גליק-וואונש,
איי‌זן זיינען פרעמדע הערצער!"
„אליעוו טרינקט קיין איינעם טראָפּן,
ניט געשטארקט זיך מיט איין ביסן,
נישט געניסט פון האָכצייט-סאודע.

לינדאָס קאָל באַלד פונם קאמער
מיט געבעט דאָ לאָזט זיך הערן:
„קים, דו אָרימע יסוימע,
„אומבאמערקטע שקלאפן-מיידל,
אופגעוואקסן הינטער קאסטן, —
„מיט די לייכט, געפליגלט טריט פליַ,
„דאָרט צו מיינעם קליידער-קאסטן,—
„ברייננ דאָס נייע נעפל-העמד מיר,
„מיר דאָס שלאנקע לייב צו דעקן,
„העמדל ווייַס, ווי די בערעזע,
„ווייסער פון דעם שלאַנקן לייַב מיינס;
„און די פרענז פון פערל ברייגג מיר,
„מיר דעם זוים פון העמד באַפּוצן;
„ברייננ די פרענז מיט בונטע בלומען
„פאר דעם זוים פון אונטער-רעקל,
„דעם פלאַטאן-געקווייטן גאַרטל —
„מיינע לענדן אונטערגאַרטלען
„איבער מיינע שוואַנען-קלובן;
„און דעם אויסגענייטן ברוסט-וועסט,

„מיר מיין בוזים צו פארדעקן;
„און דאָס שופנפארביקס טיכל:
„כ׳וועל עס איבער אָט דעם וועסט-זוים
„מיר אָרום דעם האלז פארלייגן;
„און דעם ראָק, דעם גאָלד געוועבטן,
„און דעם גאָלד-באָברעמטן קאָפ-פוץ!"

בעט פון צימער די אלמאָנע,
פריינטלאַך בעט די באלעבאָסטע:
„קום, געניס, מיין ליבער קאָליעוו,
„קום זיך פרייען אין דער סימכע,
„פרייען אין דעם האָכצייט-יאָנטעוו;
„שטערן-יונג און פריילין סאָלמע
„פריידיק שפילן זייער האכצייט!"
קאליעוו הערט דאָס און דערווידערט,
רעדט דער שטארקער מאַן אַזוי אָט:
„כ׳דארף ניט עסן, דארף ניט טרינקען,
„קאָן ניט אין דעם פרייד זיך פרייען,
„אין דער פריידיק האָכצייט-סימכע;
„ברייגנט מיין ליבע אין דעם צימער,
„דאָ אַהערצו ברייגנט מיר לינדא׳ן
„צו די האָכצייט-געסט די ליבע!"

בריינגט מען דאָ אַריין דאָס מיידל,
דער טיעטיערע׳ס קינד אין צימער
צו די ליבע האָכצייט-אָרכים;
די אלמאָנע קען זי גאָרניט,
קען גאָר ניט איר אייגן שפייז-קינד,
וואָס אין שטילן אינם קאמער

האָט דער הויז-גײַסט אומגעוואַנדלט,
האָט די וואַלד-נימפע דערצויגן, —
און פארוואונדערט טוט זי פרעגן:
„די לוואָנע צי די זון איז'ס?
„איז'ס דעם אָוונט-שטערנס טאָכטער?!"
לינדא הערט עס א'ן זי ענפערט:
„ניט די לוואָנע, ניט די זון איז'ס,
„ניט דעם אָוונט-שטערנס טאָכטער!
„ס'איז דאָס קינד, וואָס דו'סט ערצויגן,
„פון טיעטיערע-איי געוואקסן".

פאר אַ ווײַב דאָס קינד נעמט קאַליעוו,
מאַכט זי פאר זײַן היימיש הינדל,
טראָגט אַף זײַנע הענט זי שטענדיק,
צערטלאך קעכלט ער זיין ליבלינג.
און מע'ט אָפגעריכט די האָכצײַט
און מע לאַדט די פולע געסט איין,
זיך צוזאַמען זאָלן פרייען:
ווײַל דער דעמב-בוים אַין פעלד-פלאַץ,
און דער אָלעך-בוים אין שטעטל
טרעפן זיך דאָ מיט די וואָרצלען,
מיט די קעפּ צוזאַמענטרעפן!

גיט אין קרייץ-טאַנץ אייך די הענט באַלד,
שווינדלט ווירער ווירבל לוסטיק,
שפרינגט דעם ווילדן האַרריער האָפּ-טאַנץ,
פליט אין וויקער וואַלס-טאַנץ ווײַטער,
קאָזט דעם יערוועך הו-הא טומלען,

דרייט זיך אינם דער־טער דריי-טאַקט,
טאַנצט דעם היימיש דאָרף-טאַנץ אויכ'עט, —
ביז אַ זומפּ ט'פון לײַים-ברוק ווערן,
וואו די קו זאָל קוים א דורכגיין,
און די זומפּ-פערלאַך די רויטע
ביז די קני הויך זאָלן וואַקסן
דורך די פּיכ-פינגער די טענצערס!
קאַליעוו און די פריילין לינדא
שפּילן לעבעדיק די האָכצייט!

שטערן-יונג צום אָפּפאָר פאַרטיק,
מוז מיט סאַלמע פון דער סאודע,
פונם האָכציים-צעלט זיך שיידן:
און ער טרעט פאַר דער אלמאָנע,
פאַר דער סאודע דאַנקט, אַזוי זאָגט:
„לעב מיר וואויל איצט, ליבע מוטער,
„לעבט מיר וואויל, איר האָכציים-געסט-לייט,
„לעב מיר וואויל, מײַן שוואָגער קאַליעוו,
„לעב מיר וואויל, דו יונגע שוועסטער!
„אייער סאַלמע נעם איך מיט מיר,
„מיט מיר כ'נעם דאָס יונגע ווייבל;
„וויינט איצט, ווירלאַנד'ס יונגע מענער,
„וויינט איצט, ווירלאַנד'ס יונגע מיידלאַך,
„סאַלמע מוז מיט אייך זיך שיידן,
„זיך פאַרבאָרגן הינטער וואָלקנס,
„אין אַ שטערן זיך פאַרוואנדלען,
„אין דעם אָווגט-הימל גלאַנצן!“
סאַלמע רופט מיט פײַכטע אויגן,

פונם שליטן נאָך די ווערטער:
„מוטער מיינע, ליבע מוטער,
„כ'מוז אף אייביק פון דיר שיידן,
„ווי פון טשערעדע דאָס געגזול,
„ווי פון מאַכנע די טיעטיערע,
„ווי דער שוואַן פון די כאַווייריס;
„ענטל דיינע נאָך דעם שטראָם פאָלגט,
„יועק נעמט דיינעם שוואַן דער שליטן,
„וועק שווימט שטראָם אַראָפּ דיין האַרץ-בלאַט!“
פונם הויף רופט אויס די שוועסטער,
מוטער רופט פון אירן קאַמער
און די הויז-מויד פונם ווינקל:
„וואוהין ברענגט מען אונזער סאָלמע,
„טראָגט דער שפּאַרבער אונזער הינדל?!“
נאָר דער ווינט-הויך ברענגט די גריסן,
פריידן-טרערן—נאָר דער רעגן,
טרויער-בסורעס—אָך, דער טוי נאָר,
קיינמאָל קומט קיין אנדער שליעך.—

קאָליעוו'ס כאַסענע דערווײַלע
לוסטיק, פריידיק ווייטער גייט זיך:
גיט אין קרייץ-טאַנץ אייך די הענט באַלד,
שווינדלט ווירער ווירבל לוסטיק,
שפּרינגט דעם ווילדן האַרריער האָפּ-טאַנץ,
פליט אין וויקער וואַלס-טאַנץ ווייטער,
לאָזט דעם יערוועך הו-הא טומלען,
דרייט זיך אינ'ם דערפּטער דריי-טאַקט,
טאַנצט דעם אייגן דאָרף-טאַנץ אויכ'עט,—

ביז אַ זומפּ ט'פון לײמבּרוק װערן,
װאו די פוס זאָל קוים אַדורכגײן,
און די זומפּ-פערלאַך די רויטע
ביז די קני-הויך זאָלן װאַקסן
דורך די פּיס-פינגער די טענצערס! —
קאַליעװ און די פרײלין לינדאַ
שפּילן לעבּעדיק די האָכצײט! —

קאַליעװ זיך צוריק אהײם קלײבּט,
לינדאַ'ן זאָגט ער: „צײַט זיך רירן,
צײט, טיעטיערע'ס קינד, זיך שײדן."
רופט זי, לינדא, פון דער שװעל רופט:
"לויף-יונג, גיכער, טרינק די פערד אָן,
„הויז-קנעכט, דאָס געשיר אַרוף-לײג,
„פור-מאַן, קער דו אויס די שליטן:
„מיט דעם שפּאַן זאָל אונטער פענסטער,
„מיט די זײטן צו דער שװעל צו,
„און צו מיזראך מיט'ן רוקן!"
אין זי גײט צו דער אַלמאָנע
איר דעם אָפּשײד-גרוס צו זאָגן:
„לעב מיר װאויל, דו טײער' מוטער,
„כ'מוז אף אײבּיק דיך פאַרלאָזן,
„מוז—אַ שװאַן פון די כאַװײרים,
אָדלער פונ'ם נעסט—זיך שײדן,
„אָן! ס'איז שװער מיר דאָס געזעגנען
„פון די מענטשן, װאָס איך ליב זײ,
„פון די אַלע ליבּע ערטער,
„פון די ליב געװאָרן הויפן!

„מוז מיך פון דעם פריילאך אוילעם,
„פון די האָכצײַט-געסט זיך שיידן;
„כ׳קאָן נים מער מיט אײַך די סאודע
„באַ דעם טיש דעם ליבן טיילן״.
שפּרינגט זי, לינדא, אין דעם שליטן,
אין דעם שליטן צו איר מאַן שפּרינגט,
וואָס מיט קערפּער, זײַט דעם לינקן,
וואָרעם צו זיין ווייב זיך טוליעט,
מיט דער רעכטער פוס גערודערט.—

טרויריק קוקט אַראָפּ די לוואָנע,
און די זון באַטריבט טוט בליקן;—
לינדא׳ס הארץ ווערט ווידער רואיק:
זי פאַרגעסט די שיידונג׳ס-שמערצן,
אין געליבטנ׳ס אָרעמ׳ס פליט זי,
אונטער שוץ פון מאן דעם ליבן,
איבער ווײַטע שנייען-פעלדער,
דורך געדיכטע נאדל-וועלדער;
אין דעם טאָג באם העלן זונשײַן,
באַ דער נאַכט—אין זילבער ליכט-שיין,
טאָמיד צו דער וואוינונג קאַליעוו׳ס,
וואו אין שטילן זײַדן-קאַמער
ווינקט צו׳ן איר אַ ליבע בעטל,
רו אין ווייכן פוך פאַרזיכערט.

---

## II. קאַליעווס טויט.

ווער דאָרט ליגט אין קאַלטן קאַמער,
טויטער ליגט פאַרשטאַרט צום באָדן,
אויסגעשטרעקט אַף ריינעם שטרוי ליגט?
פּאָטער קאַליעוו׳ס ריזן-קערפּער
ליגט דאָס אינם קאַלטן קאַמער,
טויטער ליגט פאַרשטאַרט צום באָדן,
אויסגעשטרעקט אַף ריינעם שטרוי ליגט.

לינדאַ האָט געלאָזט איר ברוסט-בראָש,
האָט געלאָזט איר ברוסט-בראָש שוועבן,
אַף דעם פּאָדים לאָזט זיך דרייען,
לאָזט דעם אָלעך-קעפּער פליען:
„דריי זיך, בראָש מיין, פלי, מיין קעפּער!
„איילט איין, איילט אייך הילף מיר ברייגגען,
„קריגט דעם ווינט-רויפּע אַהערצו,
„גיך זאָל קומען דער פאַרשפּרעכער!“
זיבן טעג די ברוסט-בראָש דרייט זיך,
פליט געטריי זער אָלעך-קעפּער,
איבער לענדער, איבער יאַמים,
פליט דורך דריי מלאָכים-מלוכעס,
און נאָך ווייטער פליט צום צאָפּ;

און ווער קומט אים דאָ אַנטקעגן?
נאָר די אופגיינדיקע לוואנע
ווי זי נאָכגייט נאָך די שטערן:
„גריס דיך, לוואנע, קוואל פון וואוילטאָג,
„דיינע ווייכע, בלייכע שטראלן
„קראַפט, געדולד און מוט אינז געבן!
„זאָג, ט'געזונט ווערן דער פאָטער?
„וועט ער באלד דאָס בעט פארלאָזן?!"
ערנסט קוקט אַראָפּ די לוואָנע,
גייט זיך ווייטער אָן אַן ענפער.

זיבן טעג די ברוסט-בראָש דרייט זיך,
פליט געטריי דער אָלעך-קעפער,
איבער לענדער, איבער יאַמים,
איבער דריי מלאכים-מלוכעס,
און נאָך ווייטער דאָרט צום צאָפן,
פליט-דורך פיל געדיכטע וועלדער,
טוט באַרירן אויך דעם גאָלד-באַרג,
עפשער ט'ער באגעגנען וועמען;
קיינער קומט דאָך אים אנטקעגן
נאָר דער הימל-אָוונט-שטערן:
„גריס דיך, זאָגט דער אָלעך-קעפער,—
„גריס דיך, שטערן, ווייַטער קוקער!
„גיב, אָ, הימל-זון, אַ ידיע:
„וועט געזונט ווערן דער פאָטער?
„וועט דער העלד דאָס בעט פארלאָזן?!"
גלאַנציק שטערן זיין געבעט הערט,
וויל אים ניט אַן ענפער געבן,

# ווערט באַם הימל-ראַנד פאַרלאָשן.

זיבן טעג די ברוסט-בראָש דרייט זיך,
פליט געטריי דער אָלעך-קעפער,
איבער לענדער, איבער יאַמים,
איבער דריי מלאָכים-מלוכעס,
פליט נאָך ווייטער דאָרט צום צאָפן,
איבער פלאַכלענדער די ברייטע,
איבער טונקל נאָדל-וועלדער,
טוט באַרירן אויך דעם גאָלד-באַרג,
עפשער ס'ער באַגעגנען וועמען;
נאָר די זון ער זעט באַם אופגיין,
זעט די וועלט-ליכט באַם ערשיינען:
„גריס דיך, זון, דו אַלגעליבטע,
„שטראַלן-אויג, מיר גיב אַ ידיע:
„וועט געזונט ווערן דער פאָטער?
„וועט דער העלד דאָס בעט פאַרלאָזן?!"
הערט די זון מיט גליהיק בליק אים,
הערט און שווייגנדיק גייט ווייטער.—

לינדאַ לאָזט די ברוסט-בראָש ווירבלען,
און דעם אָלעך-קעפער פליען:
„דריי זיך, ברוסט-בראָש, ווירבל ברוסט-בראָש,
פלי-זשע, פלי-זשע, אָלעך-קעפער,
„איילט אייך, איילט אייך היכף מיר ברייגגען,
„קריגט דעם ווינט-רויפע אַהערצו,
„זאָל גיך קומען דער פאַרשפּרעכער.
„קריגט דעם קישעף-מאַכער מ אַ נ אָ!"

זיבן טעג די ברוסט-בראָש ווירבלט,
פליט געטריי דער אָלעך-קעפּער,
איבער לענדער, איבער יאַמים,
איבער דריי מלאָכים-מלוכעס,
פליט נאָך ווייטער דאָרט צום צאָפן,
איבער פלאַכלענדער די ברייטע,
איבער טונקל נאָדל-וועלדער,
—מוט באַרירן אויך דעם גאָלד-באַרג
און ווער קומט אים דאָ אַנטקעגן?
ס'קומט דער ווינט-רויפּע אַנטקעגן,
און פון פינלאַנד דער פאַרשפּרעכער,
און דער קישעף-מאַכער מאַנאַ:
„זייט געגריסט, איר קלוגע האַרן,
„גיט אַן ענפער אַף מיין פראַגע,
„לאָזט מיך ניט אומזיסט אייך בעטן:
„זאָגט, ט'געזונד ווערן דער פאָטער?
„וועט דער העלד דאָס בעט פאַרלאָזן?!
„האָב געבעטן די לוואָנע,
„האָב שוין צו דער זון גערופן,
„און געפרעגט דעם אָוונט-שטערן,—
„און קיין ענפער ניט באַקומען.”
זייער ענפער די כאַכאָמים,
ווי פון איינעם מויל אים זאָגן:
„וואָס דער גליהיק הויך פון טריקניש
„אַף די פעלדער האָט פאַרברענט שוין,
„וואָס די לוואָנע-ליכט געבלייכט האָט
—,און פאַרוועלקט געזען די שטערן

דאָס הויבט אוף זיך ניט מער ווידער,
קאָן אַלס פלאַנצונג מער ניט גרינען!״

* איידער ברוסט-בראָש ט׳אָפּגעדרייט זיך,
און דער קעפּער פון זיין פליען
מיט דעם ענפער ט׳אומגעקערט זיך,—
בלייבט אָף אייביק פאָטער קאַליעוו
אין דעם טויט-שלאָף איינגעשלעפערט:
אָן אַלמאָנע ווערט זיין לינדאַ!*

אין איר טרויער איינגעזונקען,
זיבן נעכט אָן שלאָף טוט זיצן,
זיבן טעג אָן שפּייז טוט זיצן,
זעט נאָר דורך דעם טרויער-שלייער
זיבן מאָל די זון באַם אופגיין,
און עס פאַלט ניט אָן קיין דרעמל
אַף די רויט-נעוויינטע אויגן,
און דער טרערן-קוואַל, געעפנט
טיף אין האַרצן, שעפּט ניט אויס זיך.
* די פאַרלאָזענע אַלמאָנע
וואַשט דאָס קאַלטע לייב דעם טויטנס,
מיט דעם זאַלץ-פלוס פונם יאַם וואַשט,
מיט די שטראָמען פון די וואָלקנס,
מיט דעם וואַסער פונם קוואַל וואַשט;*
גלעט זיין האָר מיט צאַרטע פינגער,
באַרשט עס מיט די זילבער-באַרשטן,
קעמט עס מיט דעם גאָלדן קעמל;
צים אים אָן אַ זיידן העמדל,

און דאָס טויטן-קלייד פון סאַמעט
איבער דעם באַברעמטן לייב-ראָק
מיט דעם גארטל אומגעגאַרטלט;
נעפּל-לופט דעקט זיין געלעגער,
נעפּל-לופט זיין בלייכן פּאָנים.

*די פארלאָזענע אַלמאָנע
גראָבט אַליין דעם טויטנס קייווער,
גרייט פאַר אים צו דאָס געלעגער
דרייסיק איילן אין דער ערד טיף,*
און דאָס בערגל אַף דעם קייווער
גרינט באַלד מיט די סאַמעט-גראָזן;
נאָר דעם טויטנס האַלז טרייבט טוי-גראָז,
זיינע באַקן — רויטע בלומען,
זיינע אויגן — די בלאָוו-גלעקלאַך,
מאַלאך-בלומען — זיינע ברעמען.

*די פארלאָזענע אַלמאָנע
לאנג נאָך אירן מאַן זי טרויערט,
דעם פארשטאָרבענעם באוויינט זי,*
וויינט איין כוידעש און דעם צווייטן,
וויינט אַ טייל פון דריטן כוידעש,
און פיל טעג נאָך פונם פערטן;
שטילט מיט טרערן אירע שמערצן,
שטילט איר צאַאר מיט די פּערל,
וואָס פון אירע אויגן טריפן.

*יעדן טאָג טראָגט די אַלמאָנע,
שטיינער טראָגט זי אַף דעם קייווער,

אַ מאַציייווע אויפצושטעלן,
אַז די זין און אַז די טעכטער,
אַלע קומענדיקע דורות,
זאָלן גלייך דעם אָרט דערקענען,
וואו עס רוט דער אַלטער קאַליעוו.
די אַלמאָנע, די באַטריבטע,
דעם מאַנס קייווער אויסצופוצן
טראָגט געטריי אַליין די שטיינער;
האָט זי איינמאָל פון דערווייטנס,
האָט אַף זיך אַ גרויסן פעלזשטיין
אַף די פּלייצעס אָנגעלאָדן;
מיט די מידע פיס טרעפּט אָן זי,
אַף אַ בוים-שטאַם אָנגעשטויסן,
און דעם אומגעהויער פעלזשטיין
צו די פיס געלאָזן פאַלן;
פון דעם לאַנגן צער, אָן קייכעס,
קאָן זי מער דעם שטיין ניט הייבן,
צו דעם קייווער אָפּצוטראָגן; *
און זי זעצט זיך אַף דעם פעלז-שטיין,
וויל דאָ אויסרוען אַ ביסל,
און עס פילן זיך די אויגן
פון דאָס ניי מיט ביטער טרערן:
„בין איך — רעדט זי דאָ מיט קלאָגן —
„ניט באָם שטרויך אַ שפּעטע פּיירע,
„ניט אַ שטיבל אָן אַ גרונד-שטיין,
„ניט אַ הייזל אָן אַ שוץ-דאַך,
„ניט אַן אַקער אָן אַ פעלד-צוים?!

„קיינער אַף דער ערד דער ברייטער,
„קיינער העלפט מיר אין מײַן עלנד!
„ווי דער הערבסט דעם שטאָלצן אָלעך
„און דעם דופטיק בעז-בוים מאַטערט;
„ווי דער שטורעם -- עפל-בליהונג
„און בערעזע-בערלאך וועק-טראָגט,
„דאָ דעם שלאנקן ציטער-טאָפּאָל,
„דאָרט דעם ברייט-געצווייַגטן דעמב-בוים
„און די אולמען און די יעשענס,
„גרויזאַם זייער פוץ בארויבט ער,—
„אַט אַזוי האָט אָן ראכמאָנעס
„אַלץ פון מיר דער טויט גענומען,
„וואָס'ט מיך שטאָלץ געמאכט און גליקלאַך,
„און דעם טרויער מיר געלאָזט בלויז!"

די אַלמאָנע די באטריבטע
ביטער גיסט אַלמאָנע-טרערן,
און דער טרערן-שטראָם פון פּאָנים
פאַלט צו אירע פיס אַראָפּ-צו,
ביז עס ווערט אַ וואַסער-גראָבן,
פליסט צעניף אַ יאָם מיט וואַסער.

— —

ווען דער צופאַל דיך, מײַן ברודער,
אַף דעם וועג ברייגגט, וואָס באַם יאָם דאָרט,
הינטער שטאָט זיך מונטער שלייגגלט,
און דו האָסט דערגרייכט דעם יאָם-ראַנד, —
לאָז דײַן פערדל דאָ זיך פּאַשען,

און זיך טרישן פון דעם וואַסער,
דו אַליין רו אָף דעם פעלזשטיין,
און דערמאָן די גראָווע אורצייט,
און דעם אַלטן קאַליעוו'ס צײַטן.

---

4-טע אינטערנאַציאָנאלע מלוכע-דרוקעריי, קרעשטשאטיק 42.
באשט. 219/3—223. 5000 עקז. (ע. מ. צ. קיעוו)